שול־ביבליאטעק

№ 11

אנאטאל פראנס

# בלומען



יידיש
מ. פלאַקסער

פאַרלאַג
„קולטור־ליגע"
וואַרשע.

שער-בלאַט און אילוסטראַציעס
פֿון
בוטע-דע-מאָנוועל.

געדרוקט אין 5000 עקז.
װאַרשע 1921.

געזעצט בײַ י. הענדלער, לעשנע 26.   געדרוקט „אָשװיאַטאַ", טלאָמאַצקע 4.

---

„Na Kwiaty",—Anatola Francea.
Wyd. „KULTUR-LIGE" Warszawa 1921 r.

---

Druk. „Oświata", Warszawa, Tłomackie 4, tel. 236-02.

## בלומען קלייבן.

באשע און איר קליין ברודערל אנעלע זיינען נאך מי־טאג געגאנגען אויף דער לאנקע ארויס. דער טאג איז געווען א קלארער און א פרישער. דער הימל איז געווען אביסל גרוי, נאר מיט א גרויקייט, וואס איז זיסער און ליבער פון אלע בלויקייטן אויף דער וועלט. באשעס אויגן זיינען טאקע אויך אזעלכע גרויע און זעען אויס, ווי א שטיקל הימל אין פרימארגן.



באשע מיט אנעלען גייען זיך אזוי ביידע איבער דער לאנקע. זייער מאמע איז א דארפישע בעל־הבית־טע און פירט אן מיט דערווירטשאפט. קיין ניאניע האבן זיי נישט און

דאַרפן זי גאָרנישט האָבן. דעם וועג ווייסן זיי אַליין: מיט די וועלדער זיינען זיי באַקאַנט, און מיט די פעלדער, און מיט די בערגלעך. אַז זי קוקט נאָר בלויז אויף דער זון, באַשע, דערקענט זי שוין ווי שפּעט ס'איז, און אַ סך סודות איז זי שוין דערגאַנגען, וואָס די קינדער פון שטאָט הייבן גאָרנישט אָן פון זיי צו וויסן. קליין־אַנעלע אַפילו פאַרשטייט שוין אַ סך זאַכן אין די וועלדער, אין די וואַסערלעך און אויף די בערג, ווייל זיין קליין נשמהלע איז אַ דאָרפיש נשמהלע.

באַשע מיט אַנעלען גייען זיך אַזוי איבער די אויסגעבלומטע לאָנקעס. גייענדיק, קלייבט זיך באַשע בלימעלעך צונויף. קאָרן־בלימעלעך רייסט זי און מאָן־בלימעלעך, ווינטבלימעלעך און גאָלד־בלימעלעך. זי רייסט אויך אָן די שייניקע פּיאָלעטלעך, וואָס וואַקסן ביים סאַמע ברעג תבואה און רופן זיך פעלד־וועכטערלעך. די רייסט אויך אָפּ די פוכיקע זאַנגען אויפן צעבליטן גראָז, די הימל־רויזעלעך און פעלד־גלעקעלעך, די ליליע־פאַרביקע, וואָס ווי נאָר דאָס מינדסטע רויעלעבאַרירט זיי,



אָטעמען זיי זיך מיט אַזאַ זיסן גערוך. באַשע האָט ליב בלומען, ווייל בלומען זיינען שיין.

באַשע איז אַ קליין פשוט מיידעלע, אָנגעטאָן אין אַ

טונקל פערקאַלן קליידל און אין אַרויט קרעטאָנען פאַרטוכל. שענער און רייכער אָנגעטועכץ זעט באַשע נאָר, ווען מ'פּוצט זי אויס לכּבוד אַ יום־טוב. דאָך האָט באַשע ליב שיינע זאַכן. זעט זי, אַז בלומען זיינען שיין, האָט זי זיי טאַ־קע ליב דערפאַר. און איר דאַכט זיך, אַז ווען עמעץ איז אַ שיינער מוז ער אויך זיין אַ גוטער, פלייסט זי זיך איצט צו זיין גאָר אַ ווױלינקע, זי טראָגט דאָך עפּעס אין די הענט אַ גרויסן, גרויסן באַרג מיט בלומען. באַשעס געדאַנקען זיינען איצט אויך אַזעלכע פאַרביקע און בשמימדיקע, ווי אירע בלומען. דאָס זיינען־געדאַנקען, וואָס מ'קאָן זיי גאָרנישט אַרויסרעדן: צווישן ווערטער איז גאָרנישטאָ אַזעלכע שיינע. דערצו דאַרף מען לידעלעך זינגען, לידעלעך די בעסטע, מיט טענער, וואָס שפּרונגען אַרום אין האַרצן, טענער, וואָס זיסער איז גאָר נישטאָ. אָנרייסנדיק די בלימעלעך, זינגט זיך באַשע צו:

„אין אַ ליליע־קרענצל אויסגעפּוצט שפּאַציר איך מיר איבערן טאָל"

און

„אין הערצעלע נאָר האָב איך".



קליין־אַנעלע איז שוין גאָר אַן אַנדערער. אויך געדאַנ־
קען האָט ער שוין גאָר אַנדערע. אַנעלע איז אַ לאָבוס אַ ייִנג,
קיין הייזעלעך טראָגט ער נאָך נישט, אָבער אַ שכלע האָט
ער — שוין איינמאָל אַ שכל! און פלינק איז ער! און פריי־
לעך! מיט איין האַנט האַלט ער זיך פאַרן שוועסטערלס פאַר
טוכל, ער זאָל נישט אומפאַלן, און מיט דער אַנדערער פאָ־
כעט ער מיט זיין בייטשל אין דער לופטן אַזוי פלינק ווי
אַן אמתער מאַנספּאַרשוין. זיין טאַטנס פערד־ייִנג, ווען ער
טרונקט־אָן די פערד ביים טייכל, קלאַפּט גאָרנישט אַ סך
שטאַרקער מיט זיין בייטש. קליין־אַנעלע זינגט נישט און
חלומט נישט. אַלע פעלד־בלימעלעך גייען אים טאַקע גאָר־און
גאָרנישט אָן. ער טראַכט וועגן זיינע שפּילערייען און וועגן
די שווערע אַרבעטן, וואָס ער וועט אַמאָל דאַרפן טאָן. ער
טראַכט וועגן אָנגעלאָדענע וועגעלעך און וועגן פערד, וואָס
וועלן זיך אַמאָל צוהערן צו זיינע רייד און צו זיין בייטש.

באַשע מיט אַנעלען זיינען פאַרגאַנגען אויף אַ בערגל,
איבער דער לאָנקע, פון וואַנעט עס זעען זיך אַלע דאָרפישע
הייזלעך, צווישן גרינס צעוואָרפן, און די שפּיצן פון די
קלויסטערס, וואָס שניצן זיך אויס אין דער ווייטקייט. דאָרט
זעט מען ערשט, ווי די ערד איז גרויס. דאָרט פאַרשטייט
באַשע בעסער ווי אומעטום די מעשהלעך, וואָס מ'לערנט
מיט איר, וועגן דער טויב פון נחס תיבה, וועגן אליהו
הנביא, וואָס גייט אַרום פון לאַנד צו לאַנד.

— לאָמיר זיך דאָ אַנידערזעצן — זאָגט באַשע, און
זעצט זיך אַנידער.

זי צעעפנט די הענט, און עס הויבן זיך אָן שיטן אויף
אירע קניִען, אויף איר קליידל, אויף איר אינגאַנצן — בינט־
לעך פול מיט בלומען. זיי שמעקן אַזוי, אַז פון איר אַליין

הויבט אויך באַלד אָן צו שמעקן מיט בלומען, און די זומער־
פייגעלעך, ווי נאָר דערשפּירט דעם גערוך, נעמען זיך צונויפֿ
פליען פון אַלע זייטן.

איצט קלייבט באַשע פאַנאַנדער די בלומען, לייגט זיי
צונויף און מאַכט פון זיי בינטלעך און קרענצלעך און פּוצט
זיך אויס מיט זיי — הענגט זיך אָן גלעקעלעך ביי די אויערן,
לייגט זיך אַ קרענצל אויפֿן קאָפּ, אַביסל בלימלעך פאַרשטעקט
זי זיך אין פאַרטוכל און זעט איצט אַליין אויס ווי איין גרויס־
סער בלומען־קראַנץ. איר קליין ברידערל, פאַרנומען דער־
ווייל מיטן לערנען זיך אָנטרייבן זיינע פערדלעך, וואָס ער



וועט אַמאָל האָבן, דערזעט מיט אַמאָל זיין אויסגעפּוצט שוועס־
טערל און קלייבט נחת פון איר. ער בלייבט שטיין,
דאָס בייטשל פאַלט אים אַרויס פון האַנט. ער פאַרשטייט,
אַז באַשע איז אַ שיינע, און וואָלט אַליין אויך וועלן זיין אַזאַ
שיינער און אַזוי מיט בלומען אויסגעפּוצט. אומזיסט פּרוווט
ער אויסדריקן זיין דאָזיקן פאַרלאַנג מיט זיין נישט קלאָרן

קינדערשן שטאַמלען. נאָר באַשע האָט פאַרשטאַנען. באַשע איז אַ שוועסטער, און אַ שוועסטער איז ווי אַ קליין מאַמעלע, זי שטויסט זיך אָן, דערפילט, פאַרשטייט.

— גוט, ליבינקער, — זאָגט באַשע, — איך וועל דיר מאַכן אַ פּרעכטיק קרענצל און דו וועסט אויסזען ווי אַ פּרינצל אַ קליינס.

און באַשע פלעכט צוזאַמען בלומע, געלע, רויטע בלימעלעך אַלע אין איין גרויסן קראַנץ. און דעם קראַנץ טוט זי אָן איר קליין ברידערל אויפן קאָפּ, און אַנעלע רויטלט זיך פון פרייד און פון נחת. באַשע קושט אים, הויבט אים אויף אין דער לופטן און שטעלט אים אַנידער אויף אַ גרויסן שטיין. איצט באַוואונדערט זי אים, וואָס פאַר אַ שיינער ער איז און אַז דאָס האָט זי אים געמאַכט פאַר אַזאַ שיינעם.

און קליין-אַנעלע שטייט זיך אויף זיין שטיין ערנסט און יום-טובדיק. אים דאַכט זיך, אַז ער איז אַ גאָר שיינער, אַ גאָר גרויסער אין אַזאַ אויסזען, אין אַזאַ פּוץ אויסגעפּוצט. און הויבט אָן פאַר זיך אַליין דרך-ארץ האָבן. און באַוועגט זיך נישט, און אויסגעגליכן שטייט ער, מיט אויסגעשטרעקטע אויגן, צונויפגעקריצטע ציין, אַראָפּהענגענדיקע הענט און ברייט-צעשטעלטע פינגער, — שטייט און האָט מורא זיך אַ ריר צו טאָן, ער זאָל נישט פאַרלירן עפּעס פון זיין ערנסטקייט און פון זיין הייליקייט. הימל איז אויסגעשפּרייט איבער זיין קאָפּ, וואַלד און פעלד ציט זיך צו זיינע פיס. ער איינער אַליין שטייט אין סאַמע מיטן וועלט. ער איינער איז אַ גרויסער, ער איינער איז אַ שיינער.

מיט אַמאָל צעלאַכט זיך באַשע און שרייט:

— אָך, וואָס פאַר אַ נאַרישער דו ביסט, מיין קליין-אַנעלע, וואָס פאַר אַ נאַרישער!

און וואַרפט זיך אויף אים און קושט אים און דריקט אים צו זיך. דאָס גרויסע קרענצל רוקט זיך אים אַראָפּ אויף דער נאָז. און באַשע חזרט אַלץ כסדר:



— אַך, וואָס פאַר אַ נאַרישער ער איז! וואָס פאַר אַ נאַרישער!

און לאַכט. קליין-אַנעלע אָבער לאַכט נישט. אומעטיק איז ער און פאַרחדושט, וואָס דאָס אַלץ האָט זיך אַזוי גיך אויסגעלאָזט און וואָס ער האָט שוין אויפגעהערט צו זיין אַ שיינער. ער וויל שוין מער נישט זיין אַזוי-זיך אַ געוויינלעך אַנעלע, ווי פריער. דאָס צעשיטע קרענצל איז דערווייל אויף דר'ערד אַראָפּגעפאַלן און אַנעלע איז שוין אינגאַנצן געוואָרן אַזאַ, ווי אַלע קליינע יינגלעך.

יאָ, ער איז שוין נישט מער קיין שיינער. אָבער דערפאַר איז ער שטענדיק אַ פריילעך לאָבוסל. האָט צוריק אויפגעהויבן זיין בייטשל און טרייבט שוין ווידער אָן מיט אַלע זעקס פערדלעך, וואו ער וועט אַמאָל האָבן.

באַשע שפּילט זיך נאָך אַלץ מיט אירע בלומען. מער נישט, וואָס עטלעכע גייען שוין אָפּשטאַרבן. אַנדערע ווידער נעמען אַנטשלאָפן ווערן. וואָרים בלומען האָבן זייער שלאָף, אַזוי ווי חיות. אָט די גלעקעלעך, פאַר אַ פּאָר שעה נאָר אָנגעריסן, לענען שוין צו זייערע פיאָלעט-פאַרביקע בעכערלעך און שלאָפן איין אין די הענטלעך, וואָס האָבן זיי אַראָפּגעריסן.

אין דער לופט האָט לייכט אַ בלאָז געטאָן. באַשע צי־טערט. דער אָוונט קומט אָן.

— כ'וויל עסן — זאָגט ארויס קליין-אַנעלע.

נאָר באַשע האָט צומאָלט קיין שטיקל ברויט נישט פאַר איר קליין ברידערל. זאָגט זי צו אים:

— ברידערל, לאָמיר אַהיים גיין.

און ביידע דערמאָנען זיי זיך די געשמאַקע קרויטן־זופּ, וואָס קאָכט זיך אויף נאַכט־עסן אין אַ גרויס טעפּל אין אויוון.

באַשע נעמט צונויף אירע בלומען, נעמט דאָס ברידערל פאַר דער האַנט און גייט מיטן וועג, וואָס פירט אַהיים.

די זון לאָזט זיך אַראָפּ פּאַמעלעך אויפן רויט־געוואָרע־נעם הימל. שוואַלבן פליען אַרום נידעריק איבער דער ערד און גלעטן די קינדערשע קעפּלעך מיט זייערע שוואַרצע פלי־גלען. אָוונט קומט אָן. באַשע און אַנעלע טוליען זיך איינס צום צווייטן.

איבערן וועג פאַרלירט באַשע איין בלימל נאָכן אַנדערן. אין דער שטילקייט פון אָוונט הערט מען נאָר דאָס גריל־צערייי פון דער גריל, צווישן געוויקסן באַהאַלטן.

די קינדער האָבן אַביסל מורא און זיינען אומעטיק, ווייל דער אומעט פונם אָנקומענדיקן אָוונט האָט אַדורכגעדרונגען זייערע קליינע הערצעלעך. אַזוי גוט האָבן זיי דאָך געקענט דאָס אַלץ, וואָס אַרום זיי, — און איצט דערקענען זיי נישט דאָס, וואָס איז זיי צום בעסטן באַקאַנט געווען. מיט אַמאָל דאַכט זיך זיי, אַז די ערד איז געוואָרן צו גרויס און צו־אַלט פאַר זיי. מיד זיינען זיי און שרעקן זיך, אַז זיי וועלן שוין קיינמאָל אַ היים נישט דערגיין, ווו די מאַמע קאָכט אַזאַ געשמאַקע זופּ.

קליין-אַנעלע מאַכט שוין נישט מיטן בייטשל. באַשע

האָט אַרויסגעלאָזט פון דער מידער האַנט דאָס לעצטע בלימל. דאָס ברידערל ציט זי פאַר דער האַנט און ביידע גייען זיי איצט און שווייגן שטיל.

ענדלעך האָבן זיי דערזען פון דערווייטנס דעם דאַך פון זייער שטיב, פון וועלכן עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ בלויער רויך צום טונקעלן הימל צו. זיינען זיי שטיין געבליבן און געפּאַטשט מיט די הענטלעך און אַזש אָנגעהויבן שרייען פאַר שמחה. באַשע האָט אַ קוש געטאָן דאָס קליין ברידערל, דערנאָך האָבן זיי זיך ווידער גענומען פאַר די הענט און געלאָפן מיט אַלע כחות פון זייערע פאַרמאַטערטע פיסלעך.



נאָנט צום דאָרף דערגאַנגען, האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט פויערטעס, וואָס האָבן פון פעלד צוריק געקערט. וואָס אַ טריט האָט זיי עמעץ אַנדערש באַגריסט, ווינטשנדיק „גוט-נ'אָוונט". די מאַמע איז געשטאַנען אויפן שוועל, אין אַ ווייס טיכל אויפן קאָפּ, מיטן קאָך-לעפל אין האַנט.

— איר זיינט דאָ, קינדערלעך, איר זיינט דאָ! — רופט זי מיט פרייד. און די קינדער וואַרפן זיך איר אין די

אָרעמס. אריינגעגאַנגען אין שטוב, פול מיט ריח פון קרויטן־זופּ, האָט באַשע ווידער אַ ציטער געטאָן, — זי האָט דערזען די נאַכט, אַראָפּגעדריקט־אויף דער ערד. אַנעלע זיצט שוין אויף דער באַנק איבערן שיסעלע, דאָס גאָמבעלע אָן טיש אָנגעשפּאַרט, און עסט שוין די געשמאַקע קרויטן־זופּ.

---

# פאַרטריקנטע בלעטער.



און דער האַרבסט איז אַראָפּגעקומען. ברומט דער ווינט איבערן וואַלד און טרייסלט די פאַרטריקנטע בלעטער אַראָפּ פון די ביימער. שטייען נאַקעטע די קאַשטאַנביימער און די שוואַרצע צווייגן זייערע שטרעקן זיך אין דער לופט אַריין. אויך פון די בוקענע-און גראַבענע-ביימער פאַלן שוין איצט אַראָפּ די בלעטער. די בזשאָזעס און אָשינע-ביימער זיינען שוין אַזוי געל געוואָרן, ווי מיט גאָלד באַשאָטן. איין דעמב נאָר איז געבליבן ביי זיין גרינער קרוין.

דער פרימאָרגן איז אַ קילבלעכער: אַ שאַרפער ווינט טרייבט די וואָלקנס איבערן גרויען הימל און רויטלט די פינגער פון קליינע קינדער.

יאָהאַן, יאַגדאַ און פעטרי גייען אין וואַלד אַריין פאַרטריקנטע בלעטער קלייבן, אָט יענע בלעטער, וואָס אַמאָל, ווען זיי האָבן געלעבט, זיינען זיי פול געווען

מיט טוי און פויגל-געזאַנג, און איצט פאַרדעקן זיי אין די טויזנטער די גאַנצע ערד מיט זייערע קליינע פּאַרטריקנטע גופעלעך. פּאַרטריקנטע האָבט זיך — און דאָך שמעקן זיי אַזוי געשמאַק. וועט זיין דערפון אַ מאכל-וואויל פאַר ציגעלע-שפּרינגערין און פאַר קיעלע-מאַמען. יאָ-האַן האָט אַ קויש גענומען — שוין אַ גאַנ-צער מאַנספאַרשוין; יאַגדאַ — אַ זעקעלע, אַ גרויס מיידל שוין געוואָרן; און פון הינטן גייט זי נאָך פּעטרי מיט זיין האַנט-וועגעלע.



לויפנדיקערהייט זייגען זיי פון בערגל אַראָפּגעקומען. ביים ברעג וואַלד האָבן זיי זיך צונויפגעטראָפן מיט נאָך אַנדערע קינ-דער פון דאָרף, וואָס גייען אויך קלייבן פּאַרטריקנטע בלעטער אויף ווינטער. ס'איז גאָרנישט קיין שפּיל אַזאַ — דאָס הייסט אַרבעטן.

נאָר מיינט נישט, אַז די קינדער זיי-נען אומעטיק דערפאַר, ווייל זיי אַרבעטן. אַרבעט איז אַן ערנסטע זאַך, נישט קיין אומעטיקע.

אָט נעמט זיך שוין אונזער הברה צו דער אַרבעט. די יינגלעך טוען זייערס טורייגדיק. דאָס זייגען דאָך שוין גאַנצע פּויערים כמעט, און פּויערים רעדן געוויינטלעך ווייניק. וועגן פּויערטעס קאָן מען דאָס שוין נישט זאָגן. אונזערע מיידלעך מאַכן כסדר מיט די צינגלעך און פּילן אָן דערביי די קיישלעך מיט די זעקלעך.

די זון רוקט זיך אַרויף אַלץ העכער, און דערוואַרעמט דערווייל דאָס דערפֿל. פון די קוימענס איבער די הייזלעך דערהויבט זיך אַ לייכטער רויך, וואָס זעט אויס ווי אַן אָטעם. די קינדער ווייסן גוט, וואָס דער דאָזיקער רויך באַטייט. ער דערציילט, אַז דאָרט אין דער היים קאָכט זיך איצט אין די טעפּלעך אַ געשמאַקע אַרבעס־זופּ. נאָך איין הויפן פּאַרטריקנטע בלעטער און די קליינע אַרבעטער ווען צוריקקערן צו זיך אין דערפֿל אַריין. דער צוריקגאַנג איז אַ שווערער. אונטער דער לאַסט פון די זעקלעך און קוישלעך דערהיצן זיי זיך און מאַטערן זיך, און דער שווייס רינט זיי פון שטערן. יאָהאַן, יאַגדאַ און פּעטרי בלייבן שטיין אָפּצוּעטעמען און אַ רגע אָפּצורוען.

נאָך דער געדאַנק וועגן דער אַרבעס־זופּ דערמונטערט זיי. סאַפּענדיק און שווער־אָטעמענדיק, דערגרייכן זיי ענדלעך. די מאַמע, וואָס וואַרט זיי אָפּ אויף דער שוועל, רופט כּונדערווייטנס:

— גיכער, קינדער, די זופּ איז אויפן טיש.

ווויל האט זי זיי געשמעקט. כּשר זי פּאַרדינט.

# אניעלקא.

אניעלקא איז אויפן דאָרף — אין דער מלוכה פון פייגל און בלומען. אויף די לאָנקעס, אויף די פעלדער און אין וואַלד פאַרברענגט אניעלקא די העלע שמייכלענדיקע פרילינגס־טעג. מיטן גראָז, מיט די בלומען שפּילט זי זיך — דאָס ליב־סטע, דאָס זיסטע שפּיל איז דאָס. דערמאָנט זי זיך, אַז



היינט איז דער געבורטס־טאָג פון איר חברטע העלענע. גייט זי אָנרייסן בלומען, שיינע, פאַרביקע בלומען, און שענקט זיי צו העלענען, מיט קושן אַרומגעפלאַכטן.

# וואס מיט יִנגלעך האט געטראפן.

יאנעק, קאָזשאָ, וואצעק, זענאָן און יולעק האָבן זיך אין וועג געלאָזט צו גאסט צו זייער חבר ראָמעק. גייען זיי זיך צווישן לאָנקעס און פעלדער, מיט א וועג א לאנגן, וואָס גלאַנצט זיך גאָלדיק אין זונען-ליכט. אין איין שורה אויסגעשטעלט — גייען זיי זייער גאנג. ווייל זיך אויסגעשטעלט און גייען גלייך און גיך. איין שטערונג נאָר איז דאָ: יולעק איז נאָר א קליינינקער. שטרענגט ער זיך אָן, מאכט א גיכערן טריט. שטעלט ברייט פאנאנדער זיינע קליינע פיסלעך. פאָכעט מיט די הענטלעך. נאָר ס'העלפט גאָרנישט — צו-קליין איז ער, קאָן ער נישט אָניאָגן. בלייבט ער פון הינטן, ווייל ער איז א קליינער. אָט א צרה.

די עלטערע, די גרויסע, וואָלטן געדאַרפט אויף אים צו-ווארטן און שטעלן זייערע טריט באגלייך מיט זיינע קליינע טריטעלעך. וואָלטן געדאַרפט — אָבער זיי ווילן נישט. — פאָרויס! — רופן אלע שטאַרקע אויף דער וועלט און לאָזן די שוואכערע פון הינטן. נאָר ווארט אויפן סוף פון מעשהלע.

אונזערע גרויסע, אונזערע שטאַרקע, אונזערע פיר חברה־
יונגען בלייבן מיט־אַמאָל שטיין. אַ שפּרינגענדיק באַשעפעניש
האָבן זיי דערזען אויף דער ערד. דאָס חיהלע שפּרינגט, אַ
זשאַבע איז עס, ווײַל זי זיך אַרויפקריגן אויף דער לאָנקע.



אָס ציט זיך לענג־אויס דעם וועג. די לאָנקע איז דאָך איר
היים — האָט זי זי ליב, דאָרט האָט זי זיך איר שטיבעלע
ביים וואַסער־קוועלכל. שפּרינגט זי אַהינצו.

גרין איז זי די זשאַבע, און זעט אויס, ווי אַ לעבעדיקער
בלאַט. יאַנעק, קאַזשאָ, וואַצעק און זענאָן לאָזן זיך נאָכ־
לויפן נאָך איר. אָט זײַנען זיי שוין אויף דער לאָנקע און
דערשפּירן באַלד, ווי די פיסלעך זייערע הויבן אָן זינקען
אין אַ פײַכטער ערד, מיט געדיכטן גראָז באַוואַקסן. נאָך עט־
לעכע טריט — און פאַלן אַרײַן איבער די קני. אונטערן גראָז
איז אַ זומפּ געווען.

מיט גרויס מי קלייבן זיי זיך אַרויס פון דאָרטן. די
שיכלעך און די לידקעס זייערע זײַנען שוואַרץ פון בלאָטע.

יולעק האָט זיי איצט אָנגעיאָגט אײַנגאַנצן אַ פּאַרסאָפּע־
טער. ער ווייס נישט צי זאָל ער זײַן אומעטיק אָדער פרייען
זיך, אָנקוקנדיק די פאַרבלאָטיקטע פיסלעך זייערע. אַזעלכע

גרויסע, אַזעלכע שטאַרקע און אַזאַ אומגליק האָט מיט זיי געקאָנט טרעפן. און די פיר חברה־יונגען קערן זיך צוריק אַ היים מיט אַראָפּגעלאָזטע נעז, — וואָרים ווי קאָן מען דאָס גיין באַזוכן ראָמעקן אין אַזאַ הילוך?



# בײם טײך.

גאַנץ פרי האָט זיך יאַש מיט זײן שװעסטער קאַשע איך װעג אַרײַן געלאָזט — אַ װענטקע אױפן אַקסל און אַ קײשל אונטערן אָרעם. די שול איז שױן פאַרמאַכט, די ײנגלעך — אױף פעריען צעלאָזט, גײט זיך יאַש דערפאַר אַלע טאָג לענג־אױס דעם טײך מיט זײן שװעסטער קאַשע, אַ װענטקע אױפן אַקסל און אַ קײשל אונטערן אָ'רעם. דער טײך פליסט זיך אַ קלאָרער און אַ גלאַטיקער, און די פאַנאַנדערגעװאַקסענע װערבעס באַשאָטענען אים מיט זײערע זילבער־בלעטלעך. דער הימל קוקט אַראָפּ אַ תּכלתדיקער, אָן אױסגעלײטערטער. פרימאָרגן און אָװנט־צײט שאַרן זיך װײסע נעפלען דורך איבערן טײך.



נאָר יאַש און קאַשע האָבן ליב דעם טייך נישט צוליב די גרינע געוויקסן פון זיינע ברעגעס, אויך נישט צוליבן ליכטיקן וואַסער, ווו דער קלאָרער הימל שלאָגט זיך אָפּ. זיי האָבן אים ליב צוליב די פיש, וואָס שווימען אַרום אין זיינע טיפענישן.

אויך היינט זיינען די קינדער שטיין געבליבן ביי דעם אָרט, ווו אַממייסטן פּיש געפינט זיך. קאַשע זעצט זיך אונטער אַ צעוואַקסענער ווערבע. יאַש שטעלט אַנידער די קיישלעך אויף דער ערד און וויקלט פאַנאַנדער די ווענטקע. אַ פּשוטע ווענטקע! אַ וויטשקע, אַ שנירל און אַ דרעטל, פאַרבויגן אויפן עק שנירל, ווי אַ האַטשעק. יאַש האָט געגעבן די וויטשקע, קאַשע — דאָס שנירל און דרעטל, איז דעריבער די ווענטקע אַ בשותפותדיקע זאַך פונם ברודער מיט דער שוועסטער. נאָר יעדער פון זיי וואָלט וועלן זי האָבן אינגאַנצן פאַר זיך, און אָנשטאָט צו פאַרוואַרפן די ווענטקע אין וואַסער אַריין, רייסן זיי זיך איצט אַרום איבער איר, קריגן זיך, שלאָגן זיך. און אַרום דעם שטילן טייכל הילכט אַ געשריי, אַ זידלעריי, אַ געוואַלט. יאַשס האַנט איז בלוי — דאָס האָט זי קאַשע אַזוי צעקניפּט, קאַשעס פּנים איז רויט — דאָס האָט זי יאַש אַזוי שטאַרק אויסגעפּאַטשט.

און מיד־געוואָרן ענדלעך פון דעם קנייפּן און שלאָגן זיך, האָבן יאַש און קאַשע באַשלאָסן איינצוטיילן צווישן זיך די ווענטקע. אַז יאַש וועט אַרויסציִען אַ פישל, גייט די ווענטקע איבער צו קאַשען. אַז קאַשע וועט עפּעס כאַפּן — נעמט יאַש די ווענטקע.

יאַש הויבט אָן. מ'וויס נישט, ווען ער וועט ענדיקן. און ווידער — האָט ער גאָר קיין חשק נישט אָפּצוטרעטן די ווענטקע דער שוועסטער, ציט ער דעריבער נישט אַרויס

דאָס פּישל, וואָס האָט זיך געכאַפּט אויף דער ווענטקע, האָט איינגעשלונגען דעם האַטשעק און טונקט אונטער דעם קאָרעק.

יאַש איז כיטרע. קאַשע איז געדולדיק. שוין זעקס שעה וואַרט זי. און איז שוין מיד געוואָרן פון דעם דאָזיקן לאַנגן גאַרנישט־טאָן. גענעצט זי, ציט זיך אויס, לייגט זיך אין ווערבע־שאָטן און פאַרמאַכט די אויגן. יאַש קוקט איר נאָך פון אונטער איין אייגל און מיינט, אַז די שוועסטער שלאָפט. דער קאָרעק טונקט זיך ווידער אונטער. אויף גיך ציט ער ארויס דאָס שנירל, וואָס ביים עק זיינעם גלענצלט זיך אַ זיל־בערן פינטעלע. דאָס האָט זיך אַ פלאָטקע געכאַפּט אויף דער ווענטקע.

— אהאַ!.... מיט מזל, איצט אויף מיר די צייט געקו־מען! — הערט ער אַ קול אונטער זיך.

און קאַשע כאַפּט זיך צו דער ווענטקע.



# דער מאַלער.



יעריק איז אַ מאַלערס אַ ייִנגעלע. קוקט ער זיך צו, ווי דער טאַטע צייכנט אויפֿן לייוונט כּמעט ווי לעבעדיקע מענטשן און לעבעדיקע חיות, ווי מיט פאַרבן מאַכט ער נאָך די ערד, דעם ים, דעם הימל און דאָס גאַנצע אַלץ אַרום. זעט ער אויך, ווי דער טאַטע מאָלט שיינע פרויען מיט אויגן ווי שטערן, און ליפּן ווי רויזן. — אַז איך וועל זיין אַ גרויסער — טראַכט זיך קליינער יעריק — וועל איך בישט מאָלן קיין שום פרויען. איך וועל בלויז מאָלן פערד, דאָס איז אַ סך שענער.

און שוין איצט געוויינט ער זיך צו צייכענען די שענסטע באַשעפענישן, וואָס מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. נאָר די פערד, וואָס קומען אַרויס פון אונטער זיין בלייפעדער, זיי-

נען גאָר-און גאָרנישט עגלעך אויף פערד. זיי דערמאָנען גי-
כער שטרויסן, פיר-פיסיקע. יאָ, יאָ, — מאָלעריי איז גאָר אַ
שווערע זאַך.

דאָך אָבער יעריק מאַכט פאַרשריטן און צייכנט וואָס
אַמאָל בעסער. איצט קאָן מען שוין פאַרשטיין, וואָס ער
מיינט מיט זיינע צייכענונגען. ווייל יעריק האָט אַסך געדולד
און האָט ליב דאָס צייכענען. די צייט וועט טאָן אירס און
ווער ווייס, פון דעם קליינעם יעריק קאָן אַמאָל אויסוואַקסן
אַזאַ גרויסער קינסטלער, ווי זיין טאַטע.

נעכטן האָט יעריק אויפגעצייכנט אויף אַ פּאַפּיר אַ מענטשן,
וואָס שפּאַצירט אַרום אויפן ברעג ים מיט אַ שטעקן אין
האַנט. ווען נישט דאָס, וואָס די הענט וואַקסן ביים דאָזיקן
מענטשן פון די ברוסטן אַרויס, איז עס גאַנץ גוט אויפגעצייכנט.
פיר קנעפּלעך האָט ער ביים מאַנטל. נישט ווייט פונם
מענטשן וואַקסט אַ בוים. און פונדערווייטנס זעט זיך אַ שיף.
נישט מער, וואָס דאָס אַלץ זעט אויס, ווי דער מענטש וואָלט
געוואָלט נעמען די שיף אין האַנט אַריין און איינשלינגען
דעם בוים. גאָר דאָס איז שוין אַ שווערע זאַך. אפילו ביי
אמתע מאָלער טרעפן זיך אַזוינע זאַכן.

היינט האָט יעריק אויסגעפּאַרטיקט נאָך אַ שווערערע
צייכענונג. מ'זעט אויף איר מענטשן, און שיפן, און ווינט-
מילן. יעריקן, ווען ער צייכנט, דאַכט זיך אויס, אַז די שיפן
שווימען איבערן וואַסער און דער ווינט-מילס פליגלען
פלאַטערן. קוועלט ער אַליין פון זיין שאַפונג.

ער באַמערקט גאָר נישט דאָס קליינע קעצל, וואָס
שפּילט זיך אונטערן טיש מיט אַ קנוילכל באָוול. און דער
סוף וועט זיין, אַז יעריק וועט אַרויסגיין פון צימער, וועט
דאָס קעצל אַרויפשפּרינגען אויפן טיש און מיט זיין הייס

פיסל איבערדרייען דעם טינטער אויף די ווייסע פּאַפּירן אַרויף, וואָס זײַנען אויסגעלייגט אויפן טיש. און יעריקס קונסט־ווערק וועט פאַרלוירן גיין. דאָס קליין מאָלערל וועט לכתחילה אומעטיק ווערן. נאָר באַלד וועט ער זיך פאַר אַ פריש ווערק אַ נעם טאָן, און דער שאָדן, וואָס קעצל האָט אָנגעמאַכט, וועט מער קיין שאָדן נישט זײַן.



# זאָשע און בוטשקאַ.

זאָשע און בוטשקאָ זיינען אַלטע גוטע־פריינט. זאָשע איז אַ קליין מיידעלע, בוטשקאָ — אַ גרויסער הונט. ביידע שטאַמען זיי פון איין וועלט, ווייל ביידע ווױנען זיי אויפן דאָרף. ווי לאַנג זיי קענען זיך שוין — ווייסן זיי אַליין נישט: אַזוי וויט גרייכט נישט דער זכּרון נישט פון אַ הונט און נישט פון אַ קליין מיידעלע. און ווידער: זיי דאַרפן דאָס כּלל נישט וויסן. נישט זיי באַדאַרפן דאָס און נישט עס גלוסט זיך זיי צו געדענקען אַזעלכע זאכן. עס דאַכט זיי



נאָר, אַז זיי קענען זיך שוין זייער, זייער לאַנג, פון סאַמע וועלט־באַשאַפונג־אָן, וואָרים זיי שטעלן זיך גאָרנישט פאָר, אַז די וועלט וואָלט געקאָנט זיין אָן זיי. זאָשע האָט פון שטענדיק געקענט בוטשקאָן, און בוטשקאָ האָט פון שטענדיק געקענט זאָשען.

בוטשקאָ איז אַ סך אַ גרעסערער און שטאַרקערער פֿון זאָשען. אַז ער לייגט אַרויף זײַנע לאַפּעס אויף אירע אַקסלען, איז ער גרעסער פֿאַר איר מיט צוויי קעפּ. ער וואָלט זי געקאָנט אײַנשלינגען ווי גרויס זי איז, נאָר ער טוט איר קיינמאָל די מינדסטע עוולה נישט. בוטשקאָ האָט דרך־ארץ פֿאַר זאָשען. אַזאַ קליינינקע, אַזאַ שוואַכע און אַזאַ קלוגע. לעקט ער זי מיטן צונג פֿון גרויס ליבשאַפֿט. און זאָשע ווי־



דער האָט ליב בוטשקאָן, ווײַל ער איז אַ שטאַרקער און אַ גוטער. זי ווייס, אַז בוטשקאָ וועט קיינעם קיין שלעכטס נישט טאָן. זי ווייס, אַז בוטשקאָ קען אַ סך זאַכן, וואָס זי, זאָשע, האָט גאָר קיין באַגריף נישט וועגן זיי. אַזאַ גרויסער, אַזאַ ערנסטער, און אַזאַ ליבער.

אין איינעם אַ טאָג דערזעט זאָשע מיט אַמאָל, ווי איר פֿרײַנט איז אָנגעבונדן אויף אַ קייט צום בוים בײַם ברונעם. זײַע אייגענע אויגן גלויבט זי נישט. און בוטשקאָ קוקט

אויף איר מיט זיינע ערלעכע, ווארעמע אויגן. מיט געדולד און אונטערטעניקייט טראָגט ער איבער זיין קנעכטשאפט. זאָשע דערנענטערט זיך נישט צו אים. זי קאָן נישט אריבער-טראָגן די פארשקלאפונג פון איר גרויסן גוטן בוטשקאָ און אַ פארזאָרגטע און אומעטיקע שטייט זי און קוקט אויף אים מיט מיטגעפיל.

---

פארלאג „קולטור־ליגע“ ווארשע.

# שול־ביבליאטעק

## ערשטע סעריע

### אָריגינעלע ווערק:

1. מענדעלי מו"ס דאָס קעלבל.
2. שלום עליכם . דאָס מעסערל.
3. י. ל. פרץ . . קינדער־לידער.
4. ש. פרוג . . . דאָס שטייסל.
5. מ. ז. פייערבערג ביינאַכט.
6. ח. נ. ביאַליק . נח און מאַרינקע.
7. ש. אַש . . . יאָסעלע.
8. אַ. רייזין . . די פאַבריק. דער גוי[illegible]
9. מ. סטאַווסקי . לבן הארמי.
10. א. ראובני . . קינדער.

---

## צווייטע סעריע

### איבערזעצונגען.

